# שינקעס מיט מאנדלען

## מעשהלעך פאר אידישע קינדער

י. קרעפליאַק





פרייז 15 סענט


**מאַקס נ. מייזעל**

אידישער פארלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט

424 גרענד סטריט, ניו יאָרק

1921


200

# ראָזשינקעס מיט מאַנדלען

מעשה'לעך פאַר אידישע קינדער


י. קרעפּליאַק


1. דער פויגעל-כאַפּער.
2. אַ מאַמע.
3. אַ געשלעג.


**מאַקס נ. מייזעל**

אידישער פאַרלאַג פאַר ליטעראַטור און וויסענשאַפט.

424 גרענד סטריט, ניו יאָרק

.1920




# דער פויגעל-כאפּער.

זומער־לעב פלעג שואל'קע א רגע אין שטוב ניט זיי־צען. האט ער נאר געקענט, פלעג ער זיך שוין ארויסדרע־הען פון הויז און זיך פארגראבען אין סאד, אז קיינער זאל איהם ניט געפינען.

אין שטוב איז איהם געווען אומעטיג — דער טאטע פארטאן אין געשעפט. די מאמע, ווען ער קומט איהר אויף די אויגען, שטראפט איהם שטענדיג, אז ער איז א גרויסער „ניט וועלער". „ביי לייטען אזעלכע אינגלאך לערנען שוין גמרא..." און דער עיקר, מען קען איהם נאך שיקען א גאנג אויך...

געננ האט ער פיינט. ער ליידט ניט, אז מען זאל זיך מיט איהם שאפען. אין סאד איז ער פריי, טוט וואס ער וויל, ליגט אפּ שעה'ן אין קיהלען גראז, וואס האט זיך אזוי געדיכט צעוואקסען צווישען די בוימער, ביים הויכען פארקאן; זיך צונויפגעמישט מיט „פויגעל־קאשע", מיט די בעכערלאך „משוגענעם מאן" און זיך איבערגעפלאנטערט מיט „בערשטלאך" פון תשעה־באב.

איז ער אליין, טרעפט ער ניט אסתר'קען, דער שכנ'י־שער מיידעלע, וועלכע שפּיעלט זיך אויך שטענדיג ביי זיי אין סאד, פארבאהאלט ער זיך אין גאנצען מיט גראז און קוקט דורך די גראזען אויף די געפינטעלטע, קאלירטע „משה רבנו'ס קיהעלאך", ווי זיי קריכען איבער די שטרויעלאך,

אַרויף־אַרויף, קומען צום שפּיץ, בלייבען שטעהן, ווי דאָ וואָלט געווען דער ברעג פון דער וועלט. נעהמט ער אַ שטרויעלע און שטורכעט זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי צועפּענען די צווייי פּאָר פליגלען און פליהען איבער, אָדער פאַלען אַרונ־טער כלומר'שט טויט.

דערהערט ער אַ גריל, גנב'עט ער זיך צו, קוקט איהם אָן אַ ווײַלע אין די גרינע אויגען, און כאַפּט איהם פאַר ביידע פיסלאַך און שפּיעלט זיך מיט איהם אין קאַץ און מויז, האַלט איהם אין פויסטעל, צועפענט די האַנט ער זאָל קע־נען אַ שפּרונג טאָן און האַלט גלייך אַנגעגרייט די צווייטע, ער זאָל קענען אַ כאַפּ טאָן.

גיט זיך איין ד'ער גריל צו אַנטלויפען, לויפט ער נאָך יעדען שפּרונג זיינעם, ציהט זיך אויס און הויבט זיך אויף, ווי אויף גרינע כוואַליעס, און פּאַקט ער איהם, רייסט ער איהם אויס אַ פיסעל, ווי אַ זעגעלע: „געה, דו קאַליקע, לאָ־מיך זעהן ווי דו וועסט איצטער קענען „זעגען."

ווערט ער מיעד, ציהט ער זיך גאָר אויס משאַטעווען דעם הימעל, צי פויגלען פליהען נים. ער וואָלט אַלע פויג־לען געכאַפּט, און אפילו אין די וואָלקענס זעהט ער טייכען, בערג, פויגלען, משונה'דיגע גרויסע גרילען.

פאַרנאַכט יאָגט ער זיך נאָך נאָך שוואַלבען. שוואַלבען איז אַ מצוה די קעפּלאַך אַראָפּצודרעהען, זיי האָבען דאָך גע־טראָגען פייער פאַר'ן בית המקדש. נים אומזיסט איז נאָך פאַרבליבען אַ רויטער צייכען אונטער'ן העלזעל און אין גאַנ־צען זיינען זיי שוואַרץ פאַר'שרפה'ט.

אַז אסתר'קע איז פאַראַן אין סאַד שפּיעלט ער זיך מיט איהר, באַהאַלט זיך אויס אין גראָז און שפּרינגט פלוצ־

לונג אַרוים און שרעקט זי איבער. פֿאַר די אַלע באַשעפֿע־נישען און ברואים, וואָס שואל׳קע האַלט אין האַנט, האָט זי מורא, און קומט ער צו איהר צו מיט אַ גריל, אָדער אַ ביהן, מאַכט זי גוואַלדען, קוקט מיט צושראָקענע אויגען און באַהאַלט די הענטלאַך אויף הינטען.

אָבער שואל׳קען געהט זי נאָך ווי אַ קעלבעל, און קוקט נאָך אַלץ וואָס ער טוט.

* * *

אסתר׳קע איז איצט געשטאַנען און געקוקט, ווי שואל׳־קע לעגט צוזאַמען אין סאָד פֿינף ציגעל און מאַכט אַ פּאַסט־קע פֿאַר פֿויגלען.

— כ׳וועל דיר כאַפּען פֿויגלען וויפֿיעל דו ווילסט נאָר אַליין — האָט ער זיך פֿאַר איהר באַריהמט, אויף גיך גע־מאַכט פֿון פֿיער ציגעל אַ קעסטעלע, דעם אויבערשטען ציגעל אונטער־געשפּאַרט מיט אַ העלצעל, אונטער׳ן העלצעל אַ ברעטעלע און אָנגעשאָטען חלה־ברעקלאַך.

— איצט לאָמיר זיך באַהאַלטען — האָט ער אוועק־געשלעפּט אסתר׳קען אָן אַ זייט.

אַ מחנה ווראָבליעס האָט זיך מיט אַ קינדערשער פּלאַפּלעריי אַרונטערגעלאָזט און זיך צושאָטען אַרום פּאַסט־קע. אַ כאַפּטע יונגוואַרג האָט גענומען שפּרינגען אויף די ציגעל און אַרום די ציגעל.

אַן עלטערער ווראָבעל, אַ מיושב׳דיגער און אַ פֿעטער, האָט זיך געהאַלטען פֿון דער ווייטען, קרום געקוקט אויף די יונגע פֿאַרלאַך און ווי געוואָרענט: זייט ניט אַזוי פֿרעה־ליך, לאָזט אייך ניט פֿאַרנאַרען...

די פאָרלאַך האָבען אָבער געשפּרונגען, געשפּרונגען און געפּיקט.

שואל׳קע מיט אסתר׳קען האָבען געטשאַטעוועט:

— וויפיעל וועסטו כאַפּען? — האָט אסתר׳קע געפרעגט.

— אַן „ער" מיט אַ „זי" — האָט שואל׳קע געענטפערט.

— מיר וועסטו געבען?

— וויפיעל דו ווילסט אַליין.

— אויך אַן „ער" מיט אַ „זי"

— געוויס.

— ט־ס־ס... — האָבען זיך פּלוצלונג ביי איהם די אויגען אָנגעצונדען, — איינער געהט שוין.....

— אַן „ער" צי אַ „זי" — האָט אסתר׳קע געפרעגט.

— אַן „ער".

— פון וואַנען דערקענסטו?

— כ׳דערקען. ער האָט אַ דזשוב אויפ׳ן קעפּעל — האָט שואל׳קע געענטפערט.

— כ׳זעה גאָר ניט — האָט אסתר׳קע אָפּגעענטפערט.

— מען זעהט איהם ניט, דעם דזשוב... — האָט שואל׳קע וואַזשנע געענטפערט.

— קוק, קוק... — האָט ער ניט דערוויזען אַרויסצורײדען, ווי דער אויבערשטער ציגעל — באַץ! איז מיט אַ קלאַפּ צוגעפאַלען.

אַ רחמנות׳דיגער פּישטש, ווי אַ קליין קינד וואָלט פון פּלוצלונגען וועהטאָג אַ קוויטש געטאָן, האָט אַ שניט געטאָן די לופט און פאַרשטאָרבען.

די גאַנצע מחנה ווּרובליעס האָט מיט גערויש זיך אַ הויב געטאָן און צופלויגען. שואל'קע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פון זיין באַהעלטעניש, אסתר'קע איז נאָך פאַרבלי־בען, אַ צושראָקענע פון קלאַפּ.

— צוויי, צוויי מיט אַמאָל! — האָט ער געשריען צו איהר אין פריידיגער אויפרעגונג. — קום אַהער, וועסט זעהן — אַן „ער" און אַ „זי"!

ער האָט ווי אַ געניטער גענומען דעם רעקעל און גע־וואָלט איבערדעקען די ציגעל, האָט ער דערזעהן, ווי פון איין זייט שטעקט אַרויס אַ האַלבער פויגעל, צוגעקלעמט פון ציגעל. דער ווּרובעל ריהרט זיך אפילו ניט, נאָר אַן אָפענער אייגעל מיט אַ רויטען, רונדען פּאָסיקעל אַרום, פינטעלט, פינטעלט אַזוי מאָדנע צו איהם, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט וויינען....

— וואס איז מיט דער פויגעלע? — איז אסתר'קע צוגעקומען.

— זיך דער'הרג'עט — האָט שואל'קע גלייכגילטיג געענטפערט.

— געה, קענסט ניט כאַפּען — האָט אסתר'קע אַנ־געשטעלט די ליפּלעך. — אַ רחמנות די פויגעלע....

— אַ גרויסע וועררע מיר, כ'קען כאַפּען וויפיעל דו ווילסט... איינע האָסטו דאָך!

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, פאַרקוקט אין אַ שפּאַרע אין די ציגעל אַריין און דערזעהן, ווי אַ ווּרו־בעל זיצט אַ צונויפגעקאָרטשעטער מיט אויפגעשטעלטע פע־דערען פון שרעק.

— ווילסט אַ קוק טאָן ווי ער זיצט דאָרט, דער אורח ?
— האָט זיך שואל'קע אויפגעשטעלט.
— כ'האָב מורא פאַר דער טויטער... — האָט אסתר'־קע געקוקט צושראָקען, — זי קען נאָך קומען צו חלום, ווי די באָבע האָט מיר דערציילט.

שואל'קע האָט זיך צולאַכט :
— דו ביזט אַ אידענע ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט דערוואַקסענער מינע ווי זיין טאַטע פלעגט דאָס זאָגן צו דער מאַמען : — אַ מענש איז דאָס, וואָס ? ס'איז דאָך אַ פויגעל...

* * *

אין מיטען שלאָף האָט שואל'קע דערפיהלט, אַז אימע־צער פּיקט איהם אַזוי לייכט, ווי מיט אַ שנאָבעלע. טוט ער זיך אַ כאַפּ, זעהט ער אין דער פענסטער, ווי אַן אָפען אויגעל מיט אַ רויטען פּאַסיקעל אַרום, פינטעלט צו איהם און פינטעלט, ווי עס וואָלט זיך געמאַטערט ווייַנען...

ער האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן אסתר'קעס רייד, אַז דאָס איז איהם דער פויגעל געקומען צו חלום און אַ צושראָ־קענער האָט ער שוין געוואָלט נעמען שרייען : מאַמע... נאָר אַרום דעם אויגעל האָט זיך גענומען לייכטען און ער זעהט שוין אַ גאַנצע פויגעלע, וואָס קוקט אַזוי פריינדליך אויף איהם. און עפּעס דוכט איהם, אַז ער קען גאָר די פויגעלע. „דאָס איז דאָך גאָר אסתר'קע", וואונדערט ער זיך, „אויף מיין וואָרט, אסתר'קע, נאָר עפּעס מאָדנע, ווי זי קוקט אויס, אָן אַמת'ער ווערבעל — מיט פעדערלאַך, מיט אַ שעהנינקען ווידעלע, מיט פאַרפוצטע פליגעלאַך, אַ מיילכבעלע ווי אַ שנאָבעלע..."

געהט איהם אָפּ פון הארצען, קען ער זיך שוין ניט איינהאַלטען און לאַכט זיך פאַנאַנדער:

— אסתר׳קע, וואָס האָסטו זיך עפּעס פאַרשטעלט פאַר א פויגעלע?

— וואס פאַרשטעלט? — סוויטשערט עפּעס אַזוי מאָדנע אסתר׳קע און רייבט אָן איהם מיט ליעבשאַפט דעם שנאָבעלע, — דו ביזט דאָך אויך אַ פויגעלע...

— איך?

— יע!

ערשט ער גיט אַ קוק, מיט אָן אמת, ער איז אויך אַ וורובעל, אן אמת׳ער „ער״. ער וויל אויסשטרעקען אַ האַנט, אַ טאָפּ טאָן צי ער האָט אַ דזשוב אויפ׳ן קאָפּ — וואָס פאַר אַ הענטעל, ער האָט גאַר אַ פליגעלע.

— נו, כ׳האָב אַ ליגען געזאָגט? — פרעגט זיך אסתר׳קע.

— אויף מיין וואָרט אָן אמת — דערקענט שוין ניט שואל׳קע זיין קול, גאַר ווי אַ פויגעלע וואָלט געסוויטשערט.

— קענען מיר פליהען אויך?

— אוודאי!

און שואל׳קע דערפיהלט זיך אַזוי גרינג און לופטיג, ווי ער וואָלט גאַר קיין בייכעל ניט געהאַט, נאַר אין גאַנצען באַשטעהט ער פון די פליגלען:

— לאָמיר פליהען!

— לאָמיר.

שואל׳קע גיט זיך אַ הויב: „אויף מיין וואָרט עס פליהט זיך״, וואונדערט ער זיך נאָך אַלץ אָביסעל.

אסתר׳קע פליהט איהם נאָך. זיי צירקלען אַרום די

שטוב און שואל'קע האָט אַזאַ געפיהל, אַז ער קען זיך אַראָפּ־לאָזען אויפ'ן הענג־לאָמפּ, אויפ'ן געזימס פון דער שאַפע ספרים, וואו ער וויל נאָר.

— וואָס וועלען מיר דאָ פליהען? — ווענדט זיך שוין שואל'קע, — מיר קענען נאָך טאַטע־מאַמע אויפוועקען. לאָמיר גאָר אַרויספליהען אין דרויסען.

— לאָמיר.

— דורך וואַנען?

— דורך וואַנען איך בין געקומען, דורכ'ן צובראָכענעם שויב.

— וואוהין זאָלען מיר פליהען, צו אונז אין סאָד, אדער צו דער מוהמען אויפ'ן פּלאַץ?

— וואו דו ווילסט.

— לאָמיר גאָר פליהען ווייט, ווייט.

— לאָמיר פליהען.

שואל'קע האָט זיך אַ הויב געטאָן אין הימעל, זיך צו־פליגען אין אַ קאַראַהאַד, איבערגעפליגען די שינדעל־דעכער פון זייער שטעדטעל, דעם שפּיץ קלויסטער, און זיך אַוועק־געטראָגען אין פעלד אַריין. שואל'קע קוקט אַרונטער, זעהט ווי זייער טייכעל שנירעלט זיך אונטען, ווי די געקרייזעלטע קעפּ פון די בוימער שווינדלען.

אַ מחנה טויבען, ווי אַ קאַלירטער וואָלקענדעל, האָט זיך באַוויזען אין הימעל, שואל'קע האָט זיך פאַרוואָלט פאַר־מעסטען זיך מיט זיי אין געשווינדקייט, איז ער ווי אַ גע־

וואַרפן שטיינדעל מיט אימפּעט דורכגעפלויגען דורך די טויבען און מיט גאווה א פרעג געטאָן אסתר׳קען:

— ווער איז פלינקער?

אסתר׳קע האָט איהם אָבער ניט געענטפערט, נאָר פאַר־צווייפעלט אַ געשריי געטאָן. און באלד האָט שואל׳קע דערזעהן ווי אַ יאַסטרעב שרויפט זיך אין הימעל, ווי ער זאָל אויסקלייבען אויף וועמען זאָל ער זיך אַ לאָז טאָן, צי אויף זיי, צי אויף די טויבען.

— געשווינדער, אסתר׳קע! — שרייט ער מיט אלע כחות, — פליה! ער פליהט אויף אונז...

אסתר׳קע ענטפערט ניט, נאָר זיי טראָגען זיך אַרויף־אַראָפּ, אַראָפּ־אַרויף, פאַרנעהמען זיך רעכטס און וואַרפען זיך לינקס און דער יאַסטרעב אַלץ נאָך זיי און נאָך זיי.

שואל׳קע קוקט, ווי ווייט דאָס אויג כאַפּט, אַלץ אַ פרייער הימעל און אַ פלאַכע ערד, נאָר אויפ׳ן האָריזאָנט טונ־קעלט עפּעס...

— פליה, פליה! — שרייט ער אַלץ צו אסתר׳קען.

אסתר׳קע ענטפערט איהם ניט. נאָר ער פיהלט אין וואָס פאַר אַן אנגסט זי פליהט...

— פליה, פליה!... — מונטערט ער זי אַלץ אויף, — נאָך אַ ווײַלע און מיר זיינען אין וואַלד.

דער יאַסטרעב איז אָנגעפלויגען ווי אַ ווינט, האָבען זיי זיך אַ וואַרף געטאָן אַן אַ זייט, ער נאָך זיי, זיי ווידער צוריק. אַזוי האָבען זיי זיך ארומגעדרעהט, ביז זיי זיינען אַריין אין וואַלד און זיך פאַרשלאָגען אונטער צווייגען, וואו דער יאַסטרעב האָט שוין ניט געקענט צוקומען.

— אסתר׳קע! ניטאָ וואָס מעהר מורא צו האָבען —

האָט שואל'קע געקוקט ווי אסתר'קע האָט זיך צו איהם צו־געטוליעט.

— כ'בין מיעד און כ'וויל עסען — האָט זיך אסתר'קע געקלאָגט.

— מיר'ן זיך אראָפּלאָזען אויף דער ערד, וועלען מיר קריגען עסען אויך — האָט שואל'קע פארזיכערט.

— לאָמיר.

— נערעדט־געטאָן. שואל'קע מיט אסתר'קען שפּרינ־גען אונטער און פּיקען — זוכען מיט די שנאָבעלעך — נייז, גאָרנישט ניטאָ, נאָר הוילער מאָך ארום און צוקראַכענע שוואָמען.

— איך חלש עסען... — צעוויינט זיך פּלוצלונג אסתר'קע.

— מיר'ן מוזען פליהען אהיים — פארטראכט זיך שואל'קע.

— ווייט אַהיים ? — פרעגט זיך נאָך אסתר'קע.

— כ'ווייס ניט. כ'וועל פרעגען ביי „אַ זעגער", וועט ער מיר זאָגען.

שואל'קע האָט אָפּגעזוכט אַ גריל.

— וואו איז מיין היים ? — פרעגט ער.

— ווער ביזטו ? — פרעגט דער גריל און קוקט איהם אָן מיט די גרינע אויגען.

— איך בין שואל'קע.

— אָה, שואל'קע דער „פּיסעל רייסער", כ'וועל דיר ניט זאָגען.

שואל'קע גיט זיך אַ וואָרף א פּיק טאָן, אבער דער גריל

שפּרינגט אַפּ און גרילצט פון לאַכען: שואל׳קע דער פּיסעל רייסער וועט דאַ אויסגעהן פון הונגער.

— כ׳שטאַרב עסען — וויינט אסתר׳קע.

— כ׳וועל מעהר ניט רייסען, זאַג — רופט שואל׳קע.

— שווערסט זיך? — הערט אויף דער גריל צו לאַכען.

— כ׳שווער זיך.

— פליה אַרויס פון וואַלד, פאַרנעם זיך רעכטס, דער־נאָך לינקס, וועסטו זיין ביי זיך אין אין סאַד.

— אַן אמת?

— געוויס!

— אַבי איך האָב געמיינט, ווי וויט מיר זיינען.

— דאַס האָט דער יאַסטרעב אייך געטריבען אין קאַראַהאַד — האָט אָפּגעגרילצט דער „זעגער".

— זיי געזונד!

— האַלט וואָרט!

שואל׳קע קוקט זיך אַרום, טאַקע, אַט איז דער סאַד! אַט זיינען נאָך די אויפגעשטעלטע ציגעל און די שטיקלאַך חלה אַרום.

לאָמיר זיך טאַקע אַראָפּלאָזען אין סאַד — שלאָגט פאָר שואל׳קע.

— לאָמיר.

— איך חלש עסען... — קוקט אסתר׳קע מיט ביטערינע אויגעלאַך אויף די צושאָטענע ברעקלעך. — ווי מיינסטו, קען איך עסען די חלה?

— קענסט עסען, ריינע חלה, אויף מיין וואָרט, כ׳האָב

אליין צושאָטען, פאַרזיכערט שואל׳קע, — און וואָס אַרט אונז, מיר זיינען דאָך סיי ווי פויגעלאָך.

און זיי שפּרינגען איבער די ציגעל און פּיקען מיט די שנעבעלאָך, און פּלוצלונג — באַץ! דער אויבערשטער ציגעל איז צוגעפּאַלען.

אַ וועהטאָגליכער פּישטש האָט דורכגעשניטען די לופט. שואל׳קע זיצט אויף די ציגעל מיט אויפגעשטעלטע פעדערען פון שרעק און אסתר׳קע ליגט אַ צוגעקלעמטע און איין אויג פינטעלט ביי איהר און פינטעלט, ווי ס׳וואָלט זיך געמאַטערט וויינען...

פון שרעק האָט זיך שואל׳קע אויפגעכאַפּט.

# א מאַמע.

אין זונען־שיין באָדט זיך דאָס שטעדטעל אין טאָל. ארומגערינגעלט מיט בערג, זיינען די שפיצען באוואקסען מיט וואלד, די משופּע'דיגע זייטען אויסגעפּוצט אין תבואה־פעל־דער און לאָנקעס.

אונטען, צופוסענס שפּיעלט און פּ'עסשצעט זיך דער טייך ארום ווי א צוגעלאָזען קינד.

— — — — — — — — — — — — — — — —

פאר יום טוב איז יוסף פריי פון חדר. ווי שטענדיג, האָט ער קיינעם אין שטוב ניט דערצעהלט און איז זיך אוועק אין סאָסנע־וואלד קלייבען בעטקעס (שוועמלעך).

ער ווייס, ער האָט זיך שוין פארשפּעטיגט. די מאַ־מע קוקט שוין די אויגען אויס. אָבער ער האָט נאָך א סך צו טאָן: ער מוז נאָך אָנקלייבען שווארצע יאַגעדעס פון וועלכע ער אליין נאָר ווייס „אָנ'ערטעל"; ער מוז נאָך ארויפ־קלעטערען א קוק טאָן צו זיין נעסט פון וועווערקעס — זעקס קליינינקע, געלינקע זיינען זיי דאָרטען; ער האָפּט נאָך צו געפינען אויך האָזענע ניסלעך אונטען אין נאָסען וואלד.

צווישען די אלשענע און ניסען־בוימלאך, איינגע־פלאָנטערט אין ווילדע האָפּען און קראָפּיווע, דאַרפען שוין זיין צייטיגע ווינטערדיגע מאַלינעס, קלערט ער, „כ'וועל זיי אויך אָנקלייבען. אפשר וועל איך קענען זיך פארענט־

פערען פאַר דער מאַמען — זעה, וואָס כ'האָב אַנגעבראַכט: בעטקעס, שוואַרצע יאַגעדעס, האָזענע ניסלעך און אפשר נאָך ווינטערדיגע־מאַלינעס אויך״...

און ווייטער טראַכט ער, אַז מען וועט זיך נאָך דער־כען אויף גיך אַ באַד טאָן אויך, אַז די מאַמע זאָל ניט ווי־סען... ווייל פאַרנאַכט איז דאָס וואַסער וואַרים — מחיה'־דיג! אַ חוץ אין „קעסעל־גרוב״, וואו פון פאַר'כישופ'טען זומפּ אין וואַלד, פון אונטער'ן תהום קומט אַרויס דער ״וואַ־סער מענש״ און שלעפּט אַראָב צום גרונד אַזעלכע קליינע אינגלעך ווי ער און וואו זיי וואַרפען אַריין אַלע יאָהר אַ קאַץ פאַר אַ כפּרה...

אָבער הלואי טרעפט ער נאָר דעם בעל־עגלה'ס זוהן מיט דער פאַר פערד, איין פערד וועט ער איהם שוין געבען צום אויסבאָדען. דעם בעל עגלה'ס זוהן ווייס, אַז ער קען. אויב ניט, וועט ער זיך ווידער אַנטשעפּען אָן ווײדעל, אַ דאגה איהם — אבי אַריבערשווימען די „קעסעל־גרוב״ און אויפ'ן צווייטען ברעג איז אַ מחיה זיך צו קייקלען נאַקעטער־הייד איבער'ן־לאַנקע!

דער פאַרנאַכט קומט אָן און ער איילט זיך. פון אַ פּאַ־ליאַנע זעהט ער, די זון האָט זיך ווי אַ רויטער טייך צושוואָר־מען איבער'ן הימעל, איין זייט איז באַדעקט מיט געדיכטע וואָלקענס און ס'ווערט טונקעלער. איצט וועט שוין ביי איהם לאַנג ניט דויערען. די פּאַדעשווועלעך זיינען ביי איהם גליטשיג פון די פּעכיגע נאָדלען, ער געהט און גליטשט זיך — ער גיט זיך אַ זעץ־צו, אַ גליטש. און אָט איז ער אין נאַסען־וואַלד.

— ס'אַראַ מאַלינעס! ער האָט זיך גאַרניט געריכט —

גרויסע און אַנגעשאָלטן! זיי זיינען אַזש שוואַרץ פון אָנ־געגאָסענעם זאָפט. די שטעכיגע שטעקעלאַך בויגן זיך אַרונטער.

ער וואַרפט זיך אין די צונויפגעפלאָנטערטע האָפּען, ברעכט איבער און טאַפּטשעט איין די בריהענדיגע, קראַפּיווע, אַ־אַ, ער וועט זיי אָנקלייבן אַ סך...

פּלוצלונג איז עפּעס פאַרביי איהם דורכגעפלויגן און זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אויף אַן אויסגעפוילטן פּיען. ער האָט זיך איינגאָנצן אָנגעצונדען און פאַרהאַלטן דעם אָטעם. ער זעהט אַ וואַסער־פויגעל שפּרינגט פאָרזיכטיג אַרום און פלאַטערט מיט'ן צושטרייפטן ווידעלע.

„כ'קען זיך שווערן, ס'איז אַ נעסט... — גיט איהם אַ קלאַפּ אין הערצעל. „כ'וועל האָבן מיט וואָס זיך גרוים צו האַלטן אין חדר: אַ נעסט פון וועווערקעס האָב איך שוין, איצט — פון וואַסער־פייגעלעך."

ער האָט זיך פאַרטאַיעט: „זאָל איך נאָר זעהן, וואו זי שפּרינגט אַריין, וועלען זיי שוין זיין מיינע...!

נאָר דאָס פייגעלע האָט איהם דערשפּירט, און קרום פון דער זייט אויף איהם אַ קוק געטאָן, אָפּגעפלויגן אַ שטיי־קעל און זיך געשטעלט אויף אַ צווייטן בוים, באַהאַלטענ־דיג זיך אונטער צווייגען, ווי דאַרטען וואָלט געווען דער נעסט.

„ניין, וועסט מיך ניט אָפּנאַרען. כ'וועל אַזוי לאַנג וואַרטען, ביז דו וועסט מוזען אַריינפליהען", טראַכט ער.

אַ צווייטע איז באַלד צוגעפלויגן און זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן זעלבען פּיען. די ערשטע האָט פאַרצווייפעלט אַ סווישטשער געטאָן, ווי אָנזאָגענדיג, אַז דאָ לויערט אַ שונא.

זיי האָבען זיך געדרעהט און אַרומגעפלויגען. ער איז די גאַנצע צייט געלעגען צונויפגעקאָרטשעט אין די קוסטעס און געטשאַטעוועט. ס'איז איהם מיט אַמאָל היים געוואָ-רען... ער זעהט איין פויגעל האָט זיך שטיל אַריינגע'גנב'-עט, און גאָר עפּעס אונטער אַ וואָרצעל. —

„אַט גאָר, אַבי איך האָב געמיינט אין פּיען"..

ווי די צווייטע איז אַריין, האָט ער שוין גאָר ניט באַ-מערקט, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז איגזוועניג. שטילינקערהייט האָט ער זיך גענומען שאַרען צום נעסט.

מיט האַרצקלאַפּעניש האָט ער אַריינגערוקט די האַנט אונטער'ן פּיען... אַ געשריי געטאָן און באַלד אַרויסגעכאַפּט די האַנט צוריק. פון וועהטאָג האָט ער אָנגעהויבען שפּרינ-גען אויף איין פיסעל און בלאָזען אויפ'ן צובלוטיגטען פינגער. אַ שטיק הויט האָט זי איהם אויסגעפּיקט מיט'ן שאַרפען, דינעם שנאָבעל. און מיט אַ מאָל — באַץ! און דיביידע פויגלען זיינען פאַר זיינע אויגען אַרויסגעפלויגען, און פאַר-פאַלען!

ער קוקט זיך אַרום — שטאָק-פינסטער, און ער איז איינינקער אַליין, ביי נאַכט אין וואַלד. ער צאַפּעלט זיך פון שרעק. ער וויים: וועלף נישטערען ביי נאַכט, און ער-גער'ץ אין מיטען וואַלד — דער פאַר'כישופ'טער זומפּ מיט'ן וואַסער-מענש, מיט זיינע שרעקען, וואָס פאַרנאַרט אַלעמען און פון וואַנען קיינער קעהרט זיך ניט אום. און דער וואַלד איז שטיל — דער וואַלד שווייגט.

פּלוצלונג האָט אַ בייזער פייף זיך דורכגעטראָגען דורכ'ן וואַלד. די בוימער האָבען צוצאָרנטע אָנגעהויבען הודזשען, ווי אַ בייזע האַנט וואָלט זיי געשויבערט די צוואַוואַקסענע

קעפּ. א שלאַקס-רעגען האָט אַ גאָס געטאָן און מיט געוויש אָנגעהויבען פּויקען איבער די בלעכער.

פון שרעק לאָזט ער זיך לויפען פון וואַלד אַרויס, נאָר די פינסטערניש באַגעגענט איהם פון אַלע זייטען און ער ווייס ניט, וואוהין צו לויפען. ער פּלאָנטערט זיך אין די ווילדע האָפּען, ווי משונה'דיגע לאַפּעס ציהען זיך נאָך איהם די אַרויסשטאַרצענדע וואָרצלען. ער פאַלט איבער זיי, הויבט זיך אויף און פאַלט ווידער, ער בריהט זיך אָן די שטעכעדיגע קראָפּיווע. קאַלטע שטראָמען וואַסער נעצען איהם דורך און רינען איהם איבער'ן לייב. ער פאַרזשמורעט די אויגען פון די בלענדענדע בליצען, קנוילען-ווייז פליקען זיי דעם הימעל; דוכט איהם, אַז נעבען איהם פאַרטויבען די דונערען, שפּאַלטען זיך בוימער און ווען איהם אין פּיצלאַך צוהאַקען... ער וויל זיך צוטוליען צו אַ בוים, נאָר ס'טרייסעלט איהם עפּעס אין גאַנצען. פייערדיגע קוילען דרעהען זיך איהם פאַר די אויגען. איהם דוכט, אַז ער הויבט אָן זינקען — פאַרזינקען אין פאַר'כישופ'טען זומפּ און ער צאַפּעלט אין גאַנצען, שטרעקט אויס די הענטלאַך און מיט די לעצטע כחות רופט ער:

— מאַמע, מאַמעלע מיינע!

ווי דורכ'ן חלום הערט ער דער מאַמע'ס קול. ער פיהלט נאָר, ווי זי נעמט איהם אויף די הענט. ער קלאַמערט אַרום איהר נאַסען האַלז. און זי טראָגט איהם אין מיטען שטורם, טוליעט איהם צו זיך און רעדט שטיל: אויסגעמאַטערט קינד מיינס, אינגעלע מיינער...

---

נאַכדעם איז דער וואַסער-מענש פון זומפּ

געקומען און האָט איהם געמוטשעט און ערגעץ וואו געשלעפּט. ער האָט זיך געוואָרפען, געצאַפּעלט און גע־וועהרט, אָבער צווישען די משונה'דיגע מענשען, וואָס פלע־גען מיט מאָדנע הויות אַרומשפּרינגען אַרום איהם, האָט ער זיין מאַמען ניט געזעהן, אַליין איז ער געווען, און דער וואַ־סער־מענש, איז ווידער געקומען, האָט איהם אַ כאַפּ געטאָן, צוגעשטיקט און זיך גענומען מיט איהם אַרונטערלאָזען טיעף־טיעף אין פאַר'כישופ'טען זומפּ...

פלוצלונג פיהלט ער, ווי די מאַמע רייסט איהם אַרויס און ער שווימט, שווימט אַרויס פון אָפּגרונד, און ס'ווערט איהם אַזוי גוט, לייכט — ער עפענט די אויגען און פאַר־וואונדערט זיך, ער ליגט גאָר אין דער מאַמע'ס בעט און עפּעס אַזוי שטיל איז אין שטוב. נאַכט. דער לאָמפּ מיט דער טונקעלער שיין ברענט אויפ'ן טיש. אַ סך רפואה־פלעשלאַך שטעהען אַנגעשטעלט נעבען דער בעט אויף אַ שטול. איינס געפעלט איהם, אַ שמאָלענקע, אַ רויטינקע. ער גיט באַלד אַ קלער: מען וועט קענען מיט איהר אַרויפ־שעפּען גרונט־וואַסער. ער קוקט זיך אַרום און פאַרוואונ־דערט זיך נאָך מעהר. די מאַמע טוט עפּעס גאָר ניט אין שטוב, נאָר זיצט עפּעס איינע אַליין ביים טיש, דעם פּנים באַהאַלטען אין די הענט און ער קען ניט וויסען צי זי שלאָפט, אָדער זי טראַכט, נאָר דעם אָפענעם „זיידענ'ס תהילים" מיט'ן לעדערנעם רוקען דערזעהט ער אונטער איה־רע עלענבויגענס און ער קלערט: וואָס זיצט עפּעס די מאַ־מע אַזוי? און ער רופט זי:

— מאַמע!

ער פאַרוואונדערט זיך, ווי פאַרענדערט זיין קול איז,

און איהם דוכט, אַז די מאַמע האָט איהם ניט דערהערט; מעהר ניט איהרע עלענבויגענס האָבען עפּעס אַ ציטער געטאָן און ער רופט נאָך אַמאָל:

— מאַמע!

ער קען ניט פאַרשטעהן, וואָס די מאַמע האָט זיך אַזוי צומישט אויפגעהויבען און פאַלט צו מיט אַ געוויין צו איהם. אָבער פון איהרע טרעהרען ווערט איהם אַזוי גוט און ליעבליך אויפ'ן הארצען. זי קוקט איהם אין די אויגען, ווי זי וואָלט זיך ניט געגלויבט, און פון איהר בליק צאַפּעלט פרייליג זיין נשמה. אָבער איהרע אויגען קוקען איהם מאָדנע אוים, אַזעלכע רויטע, אַנגעצונדענע. ער קוקט און וואונדערט זיך: פון וואַנען זיינען ביי דער מאַמען אַזעלכע אויגען געוואָרען מיט אַמאָל? נאָר ער פיהלט, אַז ס'טויג עפּעס ניט צו פרעגען און ער קוקט איהר שטום אָן.

זי גלעט איהם צאַרט דעם שטערען און רעדט שטיל:

— אויסגעמוטשעט קינד מיינס, אינגעלע מיינער...

# א געשלעג.

ביי די אינגלעך איז אנגעגאנגען א מלחמה.

נאך מיט די חומשים אונטער די אָרעמס האבען די קלענערע כתות פארנאכט גלייך נאכ'ן חדר, געשפּיעלט זיך אין „בארג סיני."

דער „בארג סיני" — א לאנגער, פלאטשיגער שטיין, האלב א פארגראבענער אין מיט'ן ניט ברוקירטען, זאמדיגען שוהל־הויף, איז פון די אינגלאך פארנומען און אפּגעליידיגט געווארען:

— מיין בארג סיני!

— אראפּ! מיין בארג סיני!

אין איין פלאנטער האבען זיי זיך, ווי ווערבליעס גע־וואלגערט אין שטויביגען זאמד, געשטופּט זיך און געדר־פּעט זיך אויפ'ן שטיין:

— איך בין משה רבינו!

— ניין, איך שטעה שוין, איך בין משה רבינו!

דער פארנאכט איז געווען א זומערדיגער, א גאלדענער. צונטער־רויט איז ערגעץ ווייט הינטער'ן דאך פון דער הויכער שוהל מיט א ראנד די זון פארגאנגען. איבער די אינג־לאך'ס קעפּ איז דער דינער טרוקענער שטויב צוזאמען מיט'ן געטומעל געהאנגען ווי אונבאוועגליך אין דער לופט, דא און דארטען האבען וואלקענדלאך קאמארעס ריטמיש גע־וויגט זיך צווישען הימעל און ערד. זשוקעס האבען נאכא־

נאָנד אין מיטען פליהען בליגד זיך אָנגעקלאַפּט אָן די אַלטע ווענט פון שוהל, פלעגען אומגעריכט אַרונטערפאַלען און ניט באַווייזען צוזאַמענצונעהמען די אונטערשטע דורכזיכטיגע פליגעלאַך.

ווי פון העלער הויט פלעגען שוואַלבען פלינק אַרויס־פליהען פון אונטער די שינדעל דעכער פון די בתי מדרשים פון אונטער דעם הויכען שוהל־דאַך און זיך צופליהען מיט אַ צאַרטער סווישטשעריי, אַרונטערפאַלען, ווי געוואָרפענע שטיינדלאַך, צו דער סאַמער ערד און באַלד פייל פון בויגען זיך הויבען אין הימעל.

פאַררייסט וואו אַ אינגעל דעם קאָפּ און דערזעהט אַ פלעדער־מויז פלאַטערט אין דער לופט, ווי אָן אָפּגעקלאַפּט בלעטעל פון ווינט, און, דוכט זיך, ווייס אַליין ניט וואו צו פליהען, פלעגט ער זיך צושרייען:

— אַ ווייסע זאַך אהער! ניבער, אַ ווייסע זאַך, וועט עס זי צוציהען!

די עברי־אינגלאַך האָבען זיך געשפּיעלט אין קנעפּ־לאַך אָדער גאָר געטשאַטעוועט דעם הימעל און האָבען זיי גאָר דערזעהן אַ מחנה פויגלען ציהענדיג איבער'ן הימעל אויף נאַכט־לעגער, פלעגען זיי זיך צוזינגען אין כאָר:

. . . סקאַרעי, סקאַרעי, די שטיבעלע ברענט.

וואַרף אַראָפּ אַ בײַטעלע געלד...

אַלץ האָט גערוישט, געזשומעט, ווי אָן אָנגעצויגענע סטרונע וואָלט די גאַנצע צייט וויברירט אין דער לופט. נאָר די פאַרהאָרעוועטע אידען פון דער שטעדטעל האָבען גע־אײַלט דורכ'ן שוהל־הויף צו מערב אין די בתי מדרשים אַריין, געווישט זיך דעם שוויים פון די פּניסער און קיין אַכט ניט

געלייגט אויפ'ן קינדישען טומעל. איבער זיי האָט זיך דער הימעל מיט טונקעלע פּאַסען באַצויגען, ווי קנייטשען וואָל־טען זיך אויסגעלייגט און איהם צוגעגעבען אַ פאַרטראַכטען פאַרנאַכטיגען אויסזעהן.

ביים „בארג סיני" האָט אין מיטען טומעל אַ שניידיג, קוויטשיג קול'כעל זיך שיעור צוּאוויינט:

— אוי, אוי, אוי... דער הויז מיינער! מיין הויז! „בויטע", וואָס שלעפּסטו זיך?! דו צורייסט מיר דעם הויז, צו־רייסטו!....

צאַלקעלע „בויטע", אַן אָפּגעפּאַשעט, אָנגעבלאָזען אינ־געל, ווי אַ פּענבער, האָט זיך איינגעקרעמפּט אין יאַנקע־לע'ס פּיסעל, זיך איינגעשפּאַרט אין שטיין און מיט'ן גאַנ־צען כח איהם געשלעפּט אַרונטער פון „בארג סיני".

— „בויטע" לאָז אָפּ בעסער... — האָט דער קול'־כעל געסטראַשעט.

— ניין „פּרענעלע" איך ניט אָפּלאָזען, דו רופּסט זיך איבער...

יענקעלע „פּרעגעלע", אַן אויסגעצויגענער אויפן בויי־כעל האָט מיט איין האַנט געהאַלטען אין דער הויך דעם הומש און מיט דער צווייטער זיך געדראַפּעט אַן שטיין; גע־שריען, אַז מען צורייסט איהם דעם הויז, דערפּיהלט, אַז אַט־אָט שלעפּט מען איהם אַרונטער — האָט ער זיך פּרו־בירט אָנכאַפּען מיט דער צווייטער האַנט, זיך פאַרגעסען און אַרויסגעלאָזט דעם חומש.

— דער חומש! דער חומש פאַלט! — האָט יענקע־לע „פּרענעלע" מיט פּחד אויסגעשריען, און גלייך דערזעהן,

ווי דער חומש האָט צועפּענט די טאָוולען, ווי אַ פויגעל די פליגלען, זיך איבערגעקוליעט איבער׳ן שטיין און אַ צועפּענטער ארונטערגעפאלען אין זאמד.

— „בויטע" לאָז אָפּ! היט זיך טרעט ניט! האָבען אָנגעהויבען שרייען די אינגלעך און אין איין קנויל זיך אַ ווארף געטאָן אויפהויבען דעם חומש.

— כ׳האָב דער ערשטער אויפגעהויבען, מיר קומט א קוש טאָן, — האָט אַ אינגעל פאַרסאָפּעט ארויסגערעדט.

— וואו קושסטו וואו? דאָס אָרט וואָס איז געפאַלען דארף מען אַ קוש טאָן, — האָט זיך אַריינגעמישט אַ אינגעל מיט שטעכעדיגע אויגלאך און מיט זומער שפּרינקלאך.

— אוועק, דו „געלער רמאי" — ווייסט אַליין ניט, „פרעגעלע" דארף אַ קוש טאָן — האָט אַ מורזעוואַטער אינגעל ניט געהערט, וואָס מען רעדט און זיך אַריינגעמישט, — „פרעגעלע" האָט דאָך דעם חומש ארונטערגעוואָרפען...

— „בויטע" אויך, האָבען אַנדערע זיך אָנגעכאַפּט, — ביידע זיינען שולדיג, ביידע דאַרפען אַ קוש טאָן, האָבען די אינגלאך גע׳פסקנ׳ט.

„יענקעלע" „פרעגעלע" האָט זיך איצט, אָהן דעם חומש, געהאַלטען פעסטער אָן שטיין, און שניידיג געקווישעט.

— „בויטע" „בויטרוק", די עברה אויף דיין קאָפּ, לאָז אָפּ!

צאַלקעלע „בויטע" האָט אָבער מיט אָן אָנגעגאָסען רויטיג פּנים עקשנות׳דיג און תסוואַטע ווי אָן עקסעל, נאָך אַלץ איהם ניט אָפּגעלאָזען.

— בויטע לאָז אָפּ! — האָבען די איבעריגע זיך צו איהם אַ וואָרף געטאָן, — מיר'ן דיר די זייטען צוקיילען...

יענקעלע „פרעגעלע" האָט זיך דערפיהלט פריי, האָט ער זיך היציג אַ ריס געטאָן פון שטיין, פאַרלאָרען די היטעל, אַרויפגעלאָפען אויף צאַלקעלע „בויטע", זיך אָנגעציעלט מיט די שוואַרצע אויגלאך און אָנגעהויבען זיך קלאַפּען אין האַר־צען און שווערען, ווי אַ גרויסער:

— ווי איך בין אַ איד, כ'וועל דיר צוממיתען...

— טו אַ קוש דעם חומש, — האָט איהם אַ אינגעל צוגעטראָגען זיין חומש.

— אַ קונץ ווייזט ער! פאַר אַ פוס שלעפּט ער זיך גאָר, דער „בויטע", — האָט זיך יענקעלע געקאָכט — דעם חומש צוליעב איהם אַראָפּגעוואָרפען.

צאַלקעלע איז נאָך רויטער געוואָרען, געפיהלט, אַז די אינגלאך זייגען ניט אויף זיין צד, האָט ער זיך אָנגעדרו־דעלט און אַ בורטשע געטאָן:

— וואָס רופסטו זיך איבער, וואָס?

— אָט רוף איך דיר טאַקע איבער, — האָט יענקעלע געפיהלט זיך פאַר'ן גערעכטען:

— בויטע!

— פרעגעלע!

— וואָס רופסטו זיך איבער, וואָס? — האָט יענ־קעלע זיך אָנגעצונדען און אָנגעהויבען די סדרה אויף דאָס ניי, — מיינסט כ'וועל דיר שווייגען....

— מיינסט, כ'האָב מורא פאַר ד י ר? — איז איהם געהנטער אין די אויגען געקראָכען יענקעלע, געפיהלט אַז די אינגלעך קוועלען אָן פון איהם, און זיך נאָך מעהר גע־

היצט. — מיינסט כ'האָב מורא פאַר דיר, ווייל דו ביזט מיט אַ קאָפּ העכער, כ'געה מיט דיר „איינס אויף איינס."

ביי די אינגלאַך האָבען זיך די אויגלאַך צופינקעלט:

— איינס אויף איינס, — האָט זיך ביי אַ סך ארויס־געכאַפּט, — „פרעגעלע" איז גערעכט... מאַך אַ קאַראַהאָד.

די אינגלאַך האָבען געמאַכט אַ קאַראַהאָד.

— נו, גיב זיך נאָר אַ טשעפּע, — האָט יענקעלע פרע־געלע העלדיש זיך געשטעלט מיט אַ זייט און מיט די לוי־פיגע אויגלאַך נאָכגעקוקט צאַלקעלע „בויטע."

— דערלאַנג ד ו זיך פריהער אַ טשעפּע!... — האָט פּאַוואַליע געדרעהט מיט'ן צינגעל צאַלקעלע „בויטע".

— „פרעגעלע" הויב אָן! — האָבען אונטערגעמינ־טערט די אומגעדולדיגע.

— מיש זיך ניט. ס'איז איינס אויף איינס... — האָ־בען זיך איינגעשטעלט אַנדערע.

— כ'האָב דיר שוין אָנגעריהרט... — האָט יענ־קעלע זיך צוגעריהרט מיט אַ פינגער צו צאַלקעלע'ס רעקעל.

צאַלקעלע איז שוין איצט געוועזן רויט ווי אַ בוראק, פּאַוואַליע אַ דרעה געטאָן מיט'ן קאָפּ און עקשנות'דיג גע־זאָגט:

— דאָס איז ניט אָנגעריהרט...

— דאָס איז יע אָנגעריהרט, יע אָנגעריהרט! — האָ־בען אויפגעהויבען אַ געשריי די אינגלאַך.

צאַלקעלע „בויטע" האָט אַלץ געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיך געהאַלטען ביי זיינס:

— דאָס איז ניט אָנגעריהרט.

— גיב איהם אַ שטאַרקערען טשעפּע! — האָבען אויפגעהעצט יענקעלע'ן די איבעריגע אינגלאַך.

— כ'וויים אליין... — האָט זיך שוין יענקעלע גע־פּיהלט גאָר תקיף און אַביסעל שטאַרקער זיך צוגעריהרט מיט'ן פינגער.

— אַנגעריהרט, אַנגעריהרט, מיר זיינען עדות! — האָבען די אינגלאַך ווידער אויפגעהויבען אַ געשריי.

— נאַ דיר אָפּ, — האָט שוין צאַלקעלע געזעהן, אַז ער קען גיט העלפען — און זיך מיט'ן זעלבען אופן פּאַוואַ־ליע זיך צוגעריהרט מיט'ן פינגער צו יענקעלע'ס רעקעל.

— וואָס שלאָגסטו זיך, וואָס? — האָט יענקעלע מיט אַ געמאַכטען געוויין זיך פּלוצלונג אַ וואָרף געטאָן אויף צאַלקעלע'ן. ביידע האָבען זיך ארומגעכאַפּט און זיך גע־נומען קוליען אין זאַמד, ווי אין אַ ווייכער פּערינע, אויפ־הויבענדיג אַ וואָלקען שטויב.

אלע אינגלאַך האָבען זיך איבער זיי איבערגעבויגען און נייגיעריג נאָכגעפאָלגט, געצויגען דעם קאַראַהאָד לויט זיי האָבען זיך געקייקעלט, האָבען אויפגעפּאַסט און געוואַ־רענט:

— אויפ'ן שטיין, אויפ'ן שטיין קייקעלט איהר זיך ארויף! אָן דער זייט, אָן דער זייט!...

— מאַמעס מיינע, שקצים, וואָס הרג'עט איהר זיך? — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט לאָה דער שמש'טעס קול, — אַ הויכע, מרוקענע אידענע, מיט בראָדעווזקעס האָר אויפ'ן פּנים, פּאַר וועלכער זיי האָבען מורא געהאַט און זיינען גע־ווען זיכער, אַז זי קען אָפּטאָן אַ כישוף.

— גזלנים, וואָס לאָזט איהר אידישע קינדער זיך שלאָ-
גען, וואַרט איך וועל דערצעהלען אייערע טאַטעם....

זי האָט אָנגעכאַפּט יענקעלע'ן מיט צאַלקעלע'ן און זיי
אויפגעהויבען פון זאַמד.

נאָך צוהיצט פון געשלעג האָבען זיי צום אָנהויב גאָר
ניט געזעהן ווער עס האָט זיי אויפגעהויבען, אוןביידע האָ-
בען אויף אַמאָל ארויסגעפּלאַצט :

— אָ, ווער האָט בעסער געגעבען ?...

באַלד אָבער האָבען זיי זיך אַ רים געטאָן און אַפּגעלאָ-
פען צו די איבעריגע אינגלאך, וואָס האָבען זיך צוזעהט אי-
בער'ן שול הויף.

— די היטלען נאָט אייך אייערע, — האָט מען זיי
מיט אַ באַזונדער פריינדשאַפט אַנטקעגען געטראָגען די היט-
לען. — לאָז, כ'וועל דיר אָפּפּולען פון הינטען, — האָבען
נאָך אַנדערע געהאָלפען.

— פאַרגעסט נאָר ניט, ביידע דעם חומש צו הויש טאָן
— האָט דערמאָנט דער אינגעל מיט די זומער שפּרינקעלאך.

שטערענס האָבען זיך אויסגעשאָטען איבער'ן זאַמדי-
גען הימעל. אַ ווײַלע שפּעטער האָבען זיך די טאַטעס
ארויסגעשאָטען פון די בתי מדרשים, און די אינגלאך האָבען
זיך געלאָזט געהן אַהיים.